# קאנסטיטוציאן

פון דיא

## רומעניען וואָרקינגמען'ס

## בענעפישיאל אסס'ן

אָף פילאדעלפיא



געגרינדעט ד. 1טען יוניע, 1901.




וויינטרויב אונד קאָ., יוניאן פרינטערס, 317 ס. 5טע סט.

# קאנסטיטוציאן

פון דיא

## רומעניען וואָרקינגמען׳ס

## בענעפישיאל אסס׳ן

אָף פילאדעלפיא



געגרינדעט דען 1טען יוניע, 1901.

וויינטרויב אונד קאָ., יוניאן פרינטערס, 317 ס. 5טע סט.

## ארטיקעל 1.

## נאמען און שפּראַכע.

§ 1. דער נאמען פון דיעזען פעראיין זאָל זיין:

**רומעניען וואָרקינגמענ׳ס בענעפּישיאל אססאָסיאיישאָן אָף פילאדעלפיא.**

דיעזער נאמען קען קיינמאָל ניט געענדערט ווערען, זאָ־לאנג 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער פערבלייבען אין פער־איין.

§ 2. אלע געשעפּטען פון דיעזען פעראיין זאָלען אין דער אידישער שריפט און שפּראכע געפיהרט ווערען, דאָך איז ערלויבט יעדען ברודער זיך צו בעדיענען מיט סאי וועלכער שפּראכע, ווען עס איז איהם שווער צו רעדען אידיש.

§ 3. קארעספאנדענצען קענען אין יעדער שפּראכע, געפיהרט ווערען.

## ארטיקעל 2.

## צוועק פון פעראיין.

§ 1. **דער** צוועק פון דיעזען פעראיין זאָל זיין: צו אונטערשטיטצען קראנקע מיטגליעדער מיט וועכענטליכען בענעפיט; אין טאָדטעס־פעללע פון פערשטאָרבענע מיט־גליעדער אָדער זייערע פאמיליען דיא בעערדיגונג בייצו־וואָהנען און דיא ליידע־טראגענדען צו טרייסטען.

ארטעקעל 3.

פערזאממלונגען.

§ 1. דיא רעגעלמעססיגע פערזאממלונגען פון דיעזען פעראיין זאָלען שטאטפינדען יעדען 2טען און 4טען זאָנטאג אין מאָנאט, פארמיטאג. א מאיאָריטעט מיטגליעדער קען פון צייט צו צייט דיא מיטינג־צייט ענדערן.

§ 2. אלע 3 מאנאטען זאלען שטאטפינדען גענעראל פערזאממלונגען, נעמליך אין דיא לעצטע מיטינגען פון דיא מאָנאטען מערץ, יוני, סעפטעמבער און דעצעמבער.

§ 3. 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער, אויסער דיא בעאמטע, קענען עפענען א מיטינג און דעם זעלבען אָבהאלטען צום נוטצען פון פעראיין.

ארטיקעל 4.

אויפנאהמע פון נייע מיטגליעדער.

§ 1. יעדער איד וואָס בעזיצט א גוטען כאראקטער, פיהרט א מאָראלישעס לעבען, ער, זיין פרוי און קינדער זיינען געזונד, און, אויב ער איז פערהייראט געזעצליך מיט א אידישע פרוי, קען פאָרגעשלאָגען ווערען אלס מיטגליעד; ער דארף אָבער ניט זיין איננגער פון 18 יאָהר און ניט עלטער פון 40 יאָהר; ער מוז אויך האָבען געוואָהנט אין פילאדעלפיא 6 מאָנאטען.

§ 2. נור א מיטגליעד קען פאָרשלאָגען קאנדידא־טען. דער פאָרשלעגער מוז אנגעבען שריפטליך דעם קאנדידאטס נאָמען, עלטער, בעשעפטיגונג, פערהייראַ־טעט אָדער סינגעל, וואָהנונג, און אויך דיא בעשטימטע פאָרשלאגס געלד איינצאָהלען (אויב דער קאנדידאט איז פערהייראט און האָט קינדער, זאָל דער פאָרשלעגער פער־לאנגען פון איהם דיא נעמען און עלטער פון יעדען קינד).

§ 3. ווען אנוועגדונגען ווערען געמאכט געגען א קאנדידאט אין דער מיטינג ווען מען שלאָגט איהם פאָר, זאָל א קאמיטעע פון 5 מיטגליעדער אפּאָינטעד ווערען וועלכע זאָלען אונטערזוכען דיא אנוועגדונגען און דארי־בער בעריכטען צום נעכסטען מיטינג.

§ 4. ווען דיא מיטגליעדער נעהמען אָן דעם פאָר־שלאג וועגען א קאנדידאט זאָל דער פּרעזידענט אפּאָינ־טען א קאמיטעע פון 3 מיטגליעדער וועלכע זאָלען אויס־געפינען אויב דער קאנדידאט איז פּאסענד פיר אונזער פעראיין, און זייער בעריכט אָבגעבען ביים נעכסטען מי־טינג. ווען א מיאָריטעט פון דיעזער קאמיטעע בעריכ־טעט אונגינסטיג, זאָל דער קאנדידאט צוריקגעוויזען ווע־רען.

§ 5. ווען דיא קאמיטעע ברענגט א גינסטיגען בע־ריכט, זאָל א באלאט שטאטפינדען. — דער באלאט בעשטעהט פון ווייסע און שווארצע באלען. ווייסע על־

לעקטען א קאנדידאט אויפגענומען צו ווערען אלס מיט־
גליעד און שווארצע ווייזען איהם צוריק.

§ 6. בעפאָר מען דארף באלאטירען איבער א קאנ־
דידאט זאָל דער פרעזידענט אויפמערקזאם מאכען דיא
ברידער אז זיי זאָלען האנדלען פאר דיא אינטערע־
סען פון פעראיין און זאָלען ניט בענוצען קיינע פער־
זענליכקייטען ווען זיי געהען באלאָטירען פאר א קאנ־
דידאט.

§ 7. יעדער ברודער איז בערעכטיגט אָבצוגעבען
זיין שטימע בלויז דורך איין באלען, 2 שווארצע באלען
ווייזען צוריק א קאַנדידאט אויף 6 מאָנאט, און 3 שוואר־
צע באלען ווייזען דעם זעלבען צוריק אויף שטענדיג.

§ 8. יעדער מיטגליעד וועלכער וועט שווארץ בא־
לאטירען א קאנדידאט אויס פערזענליכע אורזאכען זאָל
געהאלטען ווערען פעראנטוואָרטליך, און ווען עס וועט
ארייגקומען א געזעצליכער פראָטעסט איבער דעם שווארץ
באלאטירטען קאנדידאט, לויט דעם נעכסטען פאראגראף
פון דיעזען ארטיקעל, זאָל דער פרעזידענט אזא ברודער
איבערשיקען צו דער אדווייזארי באארד, וואו ער מוז
אָנגעבען דיא גרינדע פון זיין האנדלונג, און דיא אדוויי־
זאָרי באָארד זאָל דאן ענטשיידען אויב דיא אָנגעגעבענע
גרינדע זיינען געזעצליכע אָדער פערזענליכע.

§ 9. ווען א קאנדידאט ווערט שווארץ באלאָטירט

און 25 מיטגליעדער שיקען אריין א שריפטליכען פּראָ־טעסט געגען דעם שווארץ ערקלערטען באלאט, ניט שפּעטער וויא ביז נעכסטען מיטינג, זאָל דער פּרעזידענט דעם פּראָטעסט אננעהמען. ער מוז אָבער זיך קודם אי־בערצייגען אויב דיא אללע 25 אונטערשריעבענע מיט־גליעדער זיינען געווען אנוועזענד ווען מען האָט איבער דיעזען קאנדידאט באלאטירט, און האָבען אליין אונ־טערגעשריעבען זייערע נעמען אויף דיעזען פּראָטעסט, און דאן דיעזען פּראָטעסט איבערשיקען צו דער אדוויי־זאָרי באארד, וועלכע דארף בעריכטען איהר ענטשיידונג ביים נעכסטען מיטינג.

§ 10. ווערט א קאנדידאט צוריקגעוויזען דורך אן אונגינסטיגען קאמיטעע בעריכט אָדער דורך אן אונגינס־טיגען באלאט, דאן זאָל דאס פאַרשלאגס־געלד צוריק־געגעבען ווערען.

§ 11. ווערט א קאנדידאט אָדער זיין פרוי צוריק־געוויזען דורך אן אונגינסטיגען דאָקטאָר אטעסט זאָ מוז ער פאר'ן דאָקטאָר אליין בעצאָהלען.

§ 12. א קאנדידאט וועלכער ווערט צוריקגעוויזען פון דאָקטאָר האָט א רעכט צו א רי־עקזאמינײשאָן פון אנדערע 2 דאָקטוירים, צוזאמען מיט דעם ערשטען דאָק־טאָר, ער מוז אָבער אליין בעצאָהלען דיא עקספענסעס פון אזא רי־עקזאמינײשאָן.

§ 13. ווערט א קאנדידאט איינגעשוואָרען אין די־זען פעראיין, און עס ציינט זיך דאן ארויס אז ער איז א קראנקער, האט דאס פעראיין א רעכט איהם צו רי־עקזאמינירען ביז אין צייט פון 90 טעג, און אויב ער ווערט אויסגעפונען פאר קראנק זאָל ער סוספענדירט ווערען און דאָס געלד וואָס ער האָט איינגעצאָהלט, אויסער דיא קאָסטען פון דאָקטאָר, זאָל איהם צוריקגעגעבען ווערען.

§ 14. נאָך דעם וואָס א קאנדידאט ווערט גינסטיג באלאטירט, זאָל דער סעקרעטער בענאכריכטען דעם פערײינס דאָקטאָר צו געהן אונטערזוכען דעם קאנדידאט, און ווען דער דאָקטאָר שיקט א גינסטיגען אטעסט זאָל ער דעם קאנדידאט איינלאדען צום איינפיהרען ביים נעכסטען מיטינג.

§ 15. ווען א קאנדידאט ערשיינט ניט צום איינ־פיהרען ביז צו דעם 3טען מיטינג נאָך דעם באלאטירען, זאָ בלייבט זיין פאָרשלאגס געלד דאס אייגענטהום פון פעראיין.

§ 16. יעדער קאנדידאט מוז אליין בעצאָהלען דיא קאָסטען פון דעם דאָקטאָרס אטעסט.

§ 17. דער פרעזידענט זאָל דעם נייעם מיטגליעד איבערגעבען דאס פאסיר־וואָרט וויא אויך זאָל ער איהם

צייגען דיא בעגריסונג צום פּרעזידענט און וויס־פּרעזי־
דענט ביים אריינקומען אין מיטינג לאָקאל.

§ 18. ווען א מיטגליעד, א סינגעלמאן, הייראטעט
א קריסטליכע פרוי זאָל ער פון פעראיין אויסגעשלאָסען
ווערען.

§ 19. ווען א מיטגליעד בייט אום זיין גלויבען פיר
דעם קריסטליכען זאָל ער פון פעראיין אויסגעשלאָסען
ווערען.

## ארטיקעל 5.

## בענעפיטען.

§ 1. דאָס וואָרט „פאמיליע“ פון דיעזער קאנסטי־
טוציאָן מיינט: מאן, פרוי (וועלכע איז ניט גגט), טעכ־
טער וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געוועזען פערהייראט, און
סינגעל זעהנע ניט עלטער פון 18 יאָהר, דיעזע זיינען
בערעכטיגט צו טאָדטעס־פאל עקספּענסעס פון פעראיין.

§ 2. ווען א גוטשטעהענדער מיטגליעד ווערט קראנק
דארף ער דאָס גלייך בענאכריכטען צום סעקרעטער און
ער איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט נור פון דעם
טאָג אין וועלכען ער האט זיך קראנק געמאלדען.

§ 3. ווען א מיטגליעד, סינגעל אָדער אלמן, הייראַ־
טעט, מוז ער דאפון מעלדען אין פעראיין. דער סעקרע־
טער דארף דאן שיקען דעם פעראיינס דאָקטאָר דיא
פרוי צו עקזאמינירען, און ווען דער דאָקטאָר שיקט אריין

א גינסטיגען אטעסט און דיא פרוי איז ניט עלטער פון 40 יאָהר, ווערט זיא דאן בעטראכטעט גלייך מיט דיא אנדערע מיטגליעדערס פרויען און איז בערעכטיגט צו אלע בענעפיטען פון פעראיין. ווען דיא פרוי האט קינדער פון פריהערדיגען מאן זיינען זיי ניט איינגערעכענט אלס דעם מיטגליעדס, און ווען דיא פרוי איז עלטער פון 40 יאָהר איז זיא ביים פעראיין ניט אנערקענט.

§ 4. קראנקען בענעפיט ווערט אויסגעצאהלט צעהן וואָכען אין יאָהר, 6 וואָכען צו 6 דאלאר און 4 וואָכען צו 4 דאלאר. האלט אָן דיא קראנקהייט מעהר פון 10 וואָכען, זאָל דער מיטגליעד ניט זיין בערעכטיגט מעהר צו קראנקען בענעפיט אין דיעזען יאָהר. קיין מיטגליעד קען מעהר פון 10 וואָכען קראנקען געלד אין 1 יאָהר ציהען, נאך דעם וואס ער האט זיך פון זיין קראנקהייט אבגעמאָלדען.

§ 5. קיין קראנקען געלד קען אָהן א דאָקטאָר סערטיפיקייט, וויא אויך אָהן דער בעשטעטיגונג פון דער מאיאָריטעט פון דער קראנקען קאמיטעע אויסגעצאָהלט ווערען.

§ 6. יעדער גוטשטעהענדער מיטגליעד וועלכער בעלאנגט אין פעראיין 12 מאָנאטען צייט, איז בערעכטיגט צו קראנקען בענעפיט, לויט פאראגראף 4 פון דיעזען ארטיקעל.

§ 7. קיין קראנקען געלד ווערט ניט אויסגעצאָהלט איבּ דיא קראנקהייט האלט אן וועניגער וויא א פולע וואָך.

§ 8. דער קראנקער מיטגליעד זאָל צום סעקרעטער בּעריכטען ווענענטליך איבּער זיין קראנקהייט, ווען ער ווערט געזונד זאָל ער זיך בּיים סעקרעטער אָבּמעלדען. פערזאמט ער עס צו טהאָן אין צייט פון 2 טעג פערלירט ער דעם בּענעפיט פון לעצטען וואָך.

§ 9. ווען א מיטגליעד ווערט קראנק אויסער דער שטאדט, וויטער פון 25 סענט רייזע מיט רעטוירן, איז ער צום קראנקען בּענעפיט ניט בּערעכטיגט; אינערהאלבּ 25 סענט רייזע מיט רעטוירן איז א מיטגליעד צום קראנקען בּענעפיט בּערעכטיגט גלייך מיט יעדען פעראיינס מיטגליעד, און קאמיטעען מוזען געשיקט ווערען איהם צו בּעזוכען. דער מיטגליעד וועלכער איז אויסער דער שטאדט און איז צו קראנקען בּענעפיט ניט בּערעכטיגט, דארף נאָר צאָהלען דיום 3 דאלאר יעהרליך, און דיא אנדערע טעקסעס דארף ער צאָהלען גלייך מיט דיא אנדערע פעראיינס מיטגליעדער.

§ 10. דער מיטגליעד וועלכער וואָהנט אויסער דער שטאדט פילאדעלפיא, איז בּערעכטיגט מיט זיין פרוי, בּלויז צו ענדאָוומענט, אָבּער אין א טאָדטען־פאל מוזען זיי צושטעלען א געזעצליכען דאקומענט פון דער שטאדט וואו דער טאָדטען־פאל האָט פּאסירט.

§ 11. ווען א מיטגליעד מעלדעט זיך קראנק און עס ווייזט זיך ארויס דאס דיא קראנקהייט איז דיא פאָלגע פון איין אונמאָראלישעס לעבען אָדער כראָנישע רומאטיזם איז ער ניט בערעכטיגט צום קראנקען בע־נעפיט. ווען א גוטשטעהענדער מיטגליעד לייי־דעט פון א כראָנישע קראנקהייט איז ער בערעכטיגט צום בענעפיט בלויז דעם ערשטען יאָהר אויף דיעזע קראנק־הייט.

§ 12. דיא אלע בענעפיטען בעקומט א מיטגליעד ווען ער בעלאנגט צום פעראיין איבער 12 מאָנאטען און איז גוטשטעהענד אין דיא ביכער. דער מיטגליעד וועלכער איז ריקשטענדיג איז בלויז בערעכטיגט צו קרקע און ענ־דאָומענט.

§ 13. ווען א מיטגליעד א סינגעלמאן, בעלאנגט צו דיעזען פעראיין 12 מאָנאטען און הייראטעט זאָל איהם דאס פעראיין פרעזענטירען מיט א געשאנק פון 5 דאלאר, דאסזעלבע זאָל אויך זיין ווען א מיטגליעד נאָך 12 מאָ־נאטען אין דיעזען פעראיין מאכט חתונה זיינע א טאָכ־טער.

## ארטיקעל 6.

## שטערבעפעללע.

§ 1. ווען עס פאסירט א טאָדטענפאל ביי איין גוטשטעהענדען מיטגליעד איז ער בערעכטיגט צו בעער־

דיגונגס קאָסטען, וויא, טאָדטען־קאסטען, תחריחים, און קערעדזשעס צום בית עולם.

§ 2. שטארבט א מיטגליעד אָדער זיינע פון פער־איין אנערקענטע פרוי, דארפען אלע מיטגליעדער בע־נאכריכטעט ווערען דעריבער, צו דער לויה דארפען אָבער ניט גערופען ווערען מעהר פון העלפט פון דיא מיטגליע־דער. ווערט דיא לויה ארראנזשירט פיר א זאָנטאג אָדער א יום טוב, דאן מוזען אללע מיטגליעדער צו דער לויה קומען.

§ 3. יעדעס מיטגליעד איז פערפפליכטעט צו קו־מען צו א לויה אנשטענדיג אנגעטהאן, האבען דעם פער־איינס בערזש מיט זיך און דעם זעלבען אָנשפילען אין דער צייט פון דער לויה. סמוקען אין דער צייט פון א לויה איז שטרענג פערבאָטען.

§ 4. צו דער לויה פון א פערשטאָרבענעם מיטגליעד אָדער זיין פון פעראיין אנערקענטע פרוי, האָט דער פער־איין צו שטעלען א לייבען וואָגען און 2 קערעדזשעס, איין קעררעדזש פיר דער פאמיליע און דעם 2טען פיר דיא בעאמטע, וויא פרעזידענט, וויס־פרעזידענט, סעקרעטער און טרעזשורער. ביי א קינד פון 1 ביז 5 יאָהר גיט דער פעראיין נאָר 1 קערעדזש, פון 5 ביז 16 יאָהר א לייבען וואָגען און 1 קעררעדזש.

§ 5. דיא אלמנה פון א גוטשטעהענדען פערשטאָר־

בענעם מיטגליעד קריגט פון פעראיין אלס ענדאָוומענט דיא סוממע פון 300 דאלאר, דעם זעלבען ענדאָוומענט קריגט אויך דער מיטגליעד פון פעראיין, ווען עס מאכט זיך דאס דיא פרוי שטארבט. דיעזען ענדאָוומענט מוז דער פעראיין בעצאָהלען דעם אלמן אָדער דיא אלמנה אין צייט פון 90 טאג נאך דעם שטערבעפאל.

§ 6. ביים אויסצאָהלען פון דעם ענדאָוומענט מוז דער פעראיין פערהאלטען דיא סומע פון 25 דאלאר פיר א מצבה, און אויב דיאזעלבע וועט ביז אין 6 מאנאטה גע־שטעלט ווערען זאָל דאס געלד צוריק געגעבען ווערען, אים פאל דיא מצבה ווערט ביז אין דיעזער צייט נים גע־שטעלט, זאָל דער פעראיין דיא מצבה שטעלען פון דער בעקיורעטי.

§ 7. ווען עס שטארבט א גוטשטעהענדעם מיטגליעד, א סינגעלמאן, בעקומט דיא פאמיליע פון דעם פערשטאָר־בענעם דעמזעלבען ענדאָוומענט, 300 דאלאר, פון דיעזער סומע דארף דער פעראיין ארונטערציהען 50 דאלאר פיר א מצבה. וועט אָבער דיא פאמיליע פון פערשטאָרבענעם ניט שטעלען קיין מצבה ביז 6 מאָנאט צייט, דאן מוז דער פעראיין פון דיעזען געלד א מצבה שטעלען.

§ 8. ווען א מיטגליעד פערליערט זיין פרוי, הייראטעט א צווייטען מאָהל און שטארבט אליין אוועק, דאן זאָל דער פעראיין דעם ענדאָוומענט צוטהיילען אין

גלייכע טיילען צו זיין צווייטע פרוי, וויא אויך צו דיא קינדער פון דער ערשטער פרוי. (דיא אלמנה ווערט פער־רעכענט גלייך וויא א קינד און דאס געלד זאל צוטהיילט ווערען אין גלייכע טהיילען צווישען איהר און אלע זיינע קינדער.)

§ 9. ווען א מיטגליעדער האט שוין איין מאהל גע־צויגען ענדאוומענט איז ער ניט בערעכטיגט צו קיין ענ־דאוומענט פיר זיין צווייטע פרוי סיידען ער איז געוועז מיט איהר פערהייראטעט 10 יאהר.

§ 10. דיא מיטגליעדער פון פעראיין זאלען מיט דיעזען ענדאוומענט פער אנאלאגיע אסעסט ווערען, וועל־כעס זאל צו דיא דיוס צוגעשטעלט ווערען.

§ 11. ווען א מיטגליעד ווערט אן אבל און זיצט גאנץ שבעה, איז ער בערעכטיגט צו 7 דאלאר שבעה געלד; ער מוז אבער זיין גוטשטעהענד, וויא אויך מוז זיין א בעריכט דעריבער פון א בעזוכונגס קאמיטעע. — ווען א מיטגליעד מוז זיצען שבעה נאך אימיצען אין זיין פא־מיליע פון אויסער דער שטאדט מוז ער צושטעלען איין געזעצליכען דאקומענט איבער אזא טאדטען פאל.

§ 12. ווען עס טרעפט א שטערבע־פאל ביי א מיט־גליעד אויסער דער שטאדט, און ער ברייננגט דיא לייכע אויף זיינע קאסטען אין שטאדט, דאן איז דער פעראיין

פערפפליכטעט צו ארראנזשירען דיא לויה לויט פאראגראף 4 פון דיעזען ארטיקעל.

§ 13. ביי יעדען שטערבע־פאל פון א מיטגליעד מוז דער פעראיין שטעלען א שומר וועלכער זאל בעצאהלט ווערען מיט 1 דאלאר א טאג, און א דאלאר מיט א פער־טעל פער נאכט.

§ 14. ווען א מיטגליעד בעפאר זיין אבשטארבען, ענטזאגט זיך פון בעערדיגט צו ווערען אויף אונזער סע־מעטערי, דאן בעקומט דיא פרוי אדער דיא פאמיליע דאס ענדאוומענט געלד און 3 קערעדזשעס צו דער בעערדיגונג. דאס זעלבע קריגט אויך דער מאן ווען דיא פרוי שטארבט און זיא האט זיך ענטזאגט פון בעערדיגט צו ווערען אויף אונזער סעמעטערי.

§ 15. דיא פרוי פון א פערשטארבענעם מיטגליעד וועלכער האט בעלאנגט פוללע 5 יאהר צום פעראיין אהנע סוספענדירט צו ווערען, און אויב זיא הייראטעט ניט מעהר ביז איהר אבלעבען, האט דאס רעכט צו פרייע קרקע פון פעראיין.

§ 16. ווען א מיטגליעד פערלאנגט צו קויפען קרקע פאר א פערשטארבענעם פון זיינע פערוואנדטע האט דאס פעראיין דאס רעכט איהם צו פערקויפען, און איהם רע־כענען 15 דאל. פיר א גרויסען קבר און 7.50 דאל. פיר א קינד ביז 10 יאהר אלט. דער פרעזידענט מיט דעם סעק־

רעטער קענען דיעזעס אטענדען. דער מיטגליעד דארף אויף ביילעגען דיא סומע פון 15 דאלאר פיר א מצבה וועלכע מוז געשטעלט ווערען ביז 3 מאָנאט צייט.

§ 17. ווען עס שטארבט א קינד ביי א מיטגליעד זאָל דערזעלבער געצוואונגען זיין צו שטעלען א מצבה ביז אין 6 מאָנאט צייט. ווען נויטהיג קען איהם דער פעראיין ערלויבען דעם בעטראג פון דער מצבה אויסצו־צאָהלען אין מאָנאטליכע ראטען ביז אין א יאָהר צייט. בעצאָהלט ער אָבער ניט דיעזען הוב ביז אין 12 מאָנאט צייט זאָל איהם דיעזעס געלד צוגעשטעלט ווערען צו דיא דיוס.

§ 18. ווען עס שטארבט א מיטגליעדס א קינד, ניט עלטער פון 16 יאָהר, א יתום אָהן עלטערען, איז ער בע־רעכטיגט צו פרייע קרקע פון פעראיין, און אויב עס זיי־נען ניטאָ קיינע פערוואנדטע וועלכע זאָלען איהם שטע־לען א מצבה, זאָל איהם דער פעראיין שטעלען א מצבה אין בעטראג פון 5 דאלאר.

## ארטיקעל 7.

## בעאמטע.

§ 1. דיא בעאמטע פון דיעזען פעראיין זאָלען בע־שטעהן פון פאָלגענדע: פרעזידענט, וויס־פרעזידענט, סעקרעטער, פינאנס סעקרעטער, טרעזשורער, 3 טראָס־

טיעס, אינגערע וואכע, איינפיהרער און אדוויזארי באָרד, 3 פון יעדע 100 מיטגליעדער.

§ 2. א פּאָטער מיט א זאָהן, 2 ברידער, א שווער מיט איין איידעם אָדער 2 שוואָגערס, קענען ניט ערוועהלט ווערען אלס בעאמטע אין איין טערמין, אָבער אין דער אדוויזאָרי באָרד קענען אזעלכע מיטגליעדער יאָ ערוועהלט ווערען.

§ 3. קיין מיטגליעד קען ניט אינסטאָלירט ווערען אין איין אמט ווען ער איז ניט גוטשטעהענד אין דיא ביכער פון פעראיין.

ארטיקעל 8.

## נאמינײשאָן און וואהל פיר בעאמטע.

§ 1. דיא בעאמטע פון דיעזען פעראיין זאָלען צוויי מאָהל אין יאָהר ערוועהלט ווערען, נעמליך אם ענדע פון דיא מאָנאטען יוני און דעצעמבער.

§ 2. צוויי מיטינגען בעפאָר דער וואהל זאָלען נאָמינײשאָנס שטאטפינדען, און נאָך דיא 2טע נאמינײשאָן זאָל דער סעקרעטער נעהמען נאָטיס פון דיא אלע נאמינירטע קאנדידאטען צו פערשיעדענע עמטע און לאָזען דרוקען באלאט טיקעטס.

§ 3. נאָך דער צווייטער נאמינײשאָן זאָל דער סעקרעטער שריפטליך איינלאדען אלע מיטגליעדער צו דער

עלעקשאָן, ער זאָל אויך צוזאמען מיט דיעזער איינלאדונג שיקען יעדען מיטגליעד א קאָפּיע פון דעם באללאָט, ער מוז אָנצייגען דיא שטונדע ווען דער עלעקשאָן ווערט ערעפענט אונד ווען דיעזעלבע ווערט געשלאססען, לויט פּאַ- ראגראף 14 פון דיעזען ארטיקעל.

§ 4. קיין מיטגליעד קען ניט לויפען פיר 2 פערשי- דענע עמטע אין איין טערמין.

§ 5. ביי דיא גענעראל פערזאממלונג פון דער על- עקשאָן זאָל דער סעקרעטער אויסרופען יעדען מיטגליעד נאָך דעם אלפאבעט און יעדען א באלאט טיקעט געבען, געסטעמפּט מיט דעם סיעל פון פעראיין.

§ 6. יעדער מיטגליעד זאָל אויף דעם באללאָט טי- קעט פערצייכנען דיא נעמען פון דיא קאנדידאטען פיר וועלכע ער וויל אָבגעבען זיין שטיממע, וועט זיך אָבער ארויסצייגען 2 פערצייכענטע פאר דעם זעלבען אמט, דאן וועט דיעזער שלעכט געשטימטער אמט ניט גערעכענט ווערען.

§ 7. קיין מיטגליעד קען ניט ערוועהלט ווערען אלס בעאמטער ווען ער קען ניט שרייבען און לעזען אידיש, און ווען ער בעלאנגט ניט פולע 12 מאָנאטען צום פער- איין.

§ 8. קיין קאנדידאט קען ניט ערוועהלט ווערען אלס בעאמטער אין זיין אבוועזענהייט, סיידען ער צייגט אָן

שריפטליך דאס ער איז צופריעדען דעם אמט אָנצונעהמען.

§ 9. דיא עלעקשאָנס זאָלען געמאכט ווערען דורך אויסטראַליען באַלאט טיקעטס, און דיא מאיאָריטעט פון דיא אָבגעגעבענע שטימען ערוועהלען א קאנדידאט אין זיין אמט.

§ 10. ־וועט זיך ביי דער וואהל ארויסצייגען איין שטימענגלייכהייט זאָל איין נייע וואהל געמאכט ווערען פיר דיא גלייך געשטימטע קאנדידאטען.

§ 11. בעפאָר דיא עלעקשאָן ווערט ערעפענט דארף דער פרעזידענט ערנענען 2 וואהל אויפזעהער און דער וויס־פרעזידענט דארף ערנענען א דזשאַדזש. דיא וואהל אויפזעהער דארפען איבערנעהמען דיא באַללאָט טיקעטס פון דיא מיטגליעדער און אין זייער אַנוועזענהייט דיע־זעלבע אין באלאט באקס אריינווארפען. דער דזשאָדזש דארף אויפפאסען דאס יעדער באַללאָט טיקעט זאָל זיין געסטעמפט מיט דעם פעראיינס סיעל, צום שלום פון דעם וואוטען זאָל ער בעריכטען דעם פעראיין דיא צאָהל פון דיא אָבגעגעבענע שטימען.

§ 12. דיא עלעקשאָנס זאָלען ערעפענט ווערען פונקט אום 9.30 אוהר פריה, און זאָל געשלאָסען ווערען אום 12 אוהר מיטאג. מיטגליעדער וועלכע קומען צום מיטינג שפעטער פון 12 אוהר קענען מעהר ניט וואוטען. אין פאל דער פעראיין וועט אמאָהל ענדערן דיא מיטינג־צייט, זאָל דיא עלעקשאָן ניט דויערן מעהר פון 3 שטונדען.

§ 13. אין טאָג פון עלעקשאָן זאָלען קיינע אנדערע געשעפטען פערהאנדעלט ווערען, אויסער סעטלעמענט פון דיוס און קראנקען בעריכטע.

§ 14. דער פרעזידענט זאָל אין טאָג פון עלעקשאָן פאָרשטעלען פאר דער מיטינג אלע קאנדידאטען וועלכע לויפען פיר איין אמט.

§ 15. באלד נאָך דעם וויא דער פרעזידענט ער־קלערט דיא עלעקשאָן צו ענדע, זאָל דיא באלאט באקס צוגעשלאָסען ווערען מיט 3 שליסלען, וועלכע זאָלען פער־טהייקט ווערען צו 3 אדוויזאָרי באָרד מיטגליעדער, און דיא באלאט באקס זאָל איבערגעגעבען ווערען צום טשער־מאן פון אדוויזאָרי באָרד. דער לעצטער זאָל דאן פער־רופען א ספעשיאל מיטינג פון דער גאנצער אדוויזאָרי באָרד וועלכע זאָלען דיא וואוטס איבערצעהלען און ביים נעכסטען מיטינג פון פעראיין זאָלען זיי בעריכטען דעם רעזולטאט פון עלעקשאָן. דיא באלאט טיקעטס זאָלען פערניכטעט ווערען גלייך נאָך דעם צעהלען.

§ 16. נאָך דעם וויא דיא אדוויזאָרי באָרד גיט אָב איהר בעריכט, זאָל שטאטפינדען דיא אינסטאָליישאָן פון דיא נייע ערוועהלטע בעאמטע.

§ 17. דיא נייע ערוועהלטע בעאמטע זאָלען אינ־סטאָלירט ווערען פון עקס־בעאמטע פון דיזען פעראיין.

## ארטיקעל 9.

## פפליכטען פון בעאמטע.

§ 1. דער פרעזידענט דארף ביי אללע מיטינגען פיהרען דעם פאָרזיטץ און ביי גלייכע שטימע זיין ענטשיידונג אבגעבען; ער זאָל שטענדיג ערנענען דיא מאיאָריטעט פון אללע קאמיטעען און דעם באלאט קאָנטראָלירען; ער מוז פעררופען ספעציאל מיטינגען ווען דאָס פעראיין בעשליעסט עס, אָדער ווען 7 גוטשטעהענדע מיטגליעדער פערלאנגען עס דורך שריפטליכע גרינדע; ער זאָל זעהן דאָס דיא מיטינגען זאָלען אין דער בעסטער אָרדנונג געפיהרט ווערען, דיא אונרוהיגע אָדער אונגעהאָרכזאמע מיטגליעדער צו בעשטראפען און דיא געשעפטע פון פעראיין פינקטליך צו בעזאָרגען; דאס אייגענטהום פון פעראיין אין בעסטען אָרדנונג צו האלטען אלע אנווייזונגען פיר געלדער, וועלכע ווערען פון פעראיין בעשלאָסען זאָל ער אונטערשרייבען, וויא אויך דיא פערמיטס צום אונדערטייקער זאָל ער אונטערשרייבען; ער מוז אכטונג געבען אז אלע אנדערע בעאמטע זאָלען זייער אמט ריכטיג ערפילען; ער דארף אין קיין דעבאטע ניט אנטהייל נעהמען אין דער צייט וואָס ער פיהרט דעם פאָרזיטץ, אויסער ערקלערונגען אויף פראגען און געזעטצע קען ער יא געבען; ביים אויסטריט פון זיין אמט זאָל ער אלעס צו זיין נאָכפאָלגער איבערגעבען.

§ 2. דער וויס־פרעזידענט איז פערפפליכטעט צו אונטערשטיטצען דעם פרעזידענט אין אללע פעראיינס אנגעלעגענהייטען; צו העלפען האלטען אָרדנונג ביי דיא מיטינגען; אין אבוועזענהייט פון פרעזידענט זיין שטע־לע צו פערטרעטען; דיא מינאריטעט פון קאמיטעען צו ערנענען און זיין פאָרזיטצענדער פון דער פינאנס קא־מיטעע.

§ 3. דער סעקרעטער מוז פיהרען א געטרייעס פראָטאקאָל איבער אללע פערהאנדלונגען פון פעראיין, אלע אנווייזונגען און טשעקס צום טרעזשורער, וויא אויך דעם פערמיט צום אונדערטייקער אונטערשרייבען; בעפאָר דיא איינפיהרונג פון א קאנדידאט זאָל ער דעם זעלבען געזעטצליכע פראגען שטעלען; דיא מיטגליעדער אם ענדע פון יעדען פיערטעל יאהר פון זייערע שולדען בענאכריכטען; ער זאָל אלע געזעטצע ענדערונגען וועל־כע ווערען פון פעראיין אָנגענומען, איינטראָגען אין פראָטאקאָל וויא אויך דיזעלבע פערצייכנען אין א עקס־טרא בוך ספעציאל פאר דיזען צוועק; ביי שטערבעפאל פון א מיטגליעד אָדער זיין פרוי זאָל ער דיא מיטגלי־דער נאָטים שיקען, לויט פאראגראף 2, ארטיקעל 6; מעלדעט זיך א גוטשטעהענדער מיטגליעד קראנק, זאָל ער דעמזעלבען גלייך בעזוכען און א סיק־קארד דאָרט איבערלאָזען; ער זאָל צו א קראנקען מיטגליעד שיקען איין בעאמטען, און א הויז זאָל ער אויך שיקען אלע

טאָג אן אנדער מיטגליעד פון דעם קראנקען'ס נאכבאר־
שאפט, דעם קראנקען מיטגליעד צו בעזוכען; ער דארף
שיקען סוספענשיאָן בריעף צו דער בעשטימטער צייט
צו זאָלכע מיטגליעדער וועלכע שטעהען צום סוספענ־
דירען; ביים ענדע פון יעדען קווארטאל דארף ער אויס־
שטעלען א בילאנץ פון דיא איינגאהמען און אויסגאבען
פון פעראיין, וויא אויך א ליסטע פון דיא צוגעקומענע
אָדער אוועקגעפאלענע מיטגליעדער; ביים ענדע פון מאָ־
נאט מייא אין יעדען יאָהר זאָל ער לאָזען דרוקען א
בילאנץ איבער דעם פעראיינ'ס פינאנציעלען און מאָ־
ראלען צושטאנד און אויסשיקען יעדען מיטגליעד
א קאפיע; ער זאָל דיא פעראיין'ס דאָקטוירים שיקען
בעזוכען קאנדידאטען יעדען איינעם נאָך זיין רייהע; ער
מוז בייוואָהנען דיא בעערדיגונג פון יעדער לייכע, פאר
וועלכען ער ווערט בעצאָהלט מיט איין דאללאר פיר א
קינד און צוויי דאלאר פיר א גרויסען מת; ווען ער
קומט ניט צו א מיטינג אָהנע אנצוצייגען גענוגענדע
גרינדע פון זיין אבוועזענהייט, זאָל ער געשטעלט ווע־
רען אונטער א קלאגע, ער מוז אבער יעדענפאלס שיקען
דיא פעראיין'ס ביכער צום מיטינג; ווען דער פרעזידענט
אָדער דיא פינאנס קאמיטעע פערלאנגען פון איהם דיא
ביכער און ער ענטזאגט זיך צו געבען זיי, דאן מוז ער
זיין אמט גלייך פערלאָזען; ביים אויסטרעטען פון זיין

אמט זאָל ער אלע ביכער, ווערט־פּאפּירען און אייגענ־
טהום פון פעראיין, אין דער אנוועזענהייט פון דער פי־
נאנס קאמיטעע, צו זיין נאָכפאָלגער איבערגעבען, צו־
זאמען מיט אן אינווענטאַר איבער אלע זאכען; פיר
זיין ארבייט בעקומט ער א געהאלט, לויט דער אבשטי־
מונג פון פעראיין, אָבער פאר דעמזעלבען סאלער מוז
ער אטענדען דיא רעגעלמעסיגע וויא אויך ספעציאל
מיטינגען פון פעראיין.

§ 4. דער פינאנס סעקרעטער זאָל ביי דיא מי־
טינגען פון פעראיין אלע אייננאהמע געלדער קאלעקטען,
צו דיא מיטגליעדער רעסיטס געבען און ריכטיג פער־
שרייבען אין פינאנס בוך; ביים ענדע מיטינג זאָל ער
אלע געלדער דעם טרעזשורער געגען רעסיטס איבער־
געבען און א קאפּיע פון דעם פינאנס בוך נאָך יעדען
מיטינג דעם סעקרעטער איבערגעבען; ער שטעהט פער־
אנטוואָרטליך פאר יעדען סענט וואָס זאָל איהם פעהלען;
ער זאָל דעם סעקרעטער ביי דיא פערזאמלונגען דיא
נעטהיגע הילפע געבען און אין סעקרעטערס אבוועזענ־
הייט זיין שטעלע פערטרעטען; פיר זיין ארבייט בע־
קומט ער בעצאָהלט לויט דיא אבשטימונג פון פעראיין.

§ 5. דער טרעזשורער זאָל ביים איינטריט אין זיין
אמט דעפּאָנירען אין באנק אויף דעם פעראיין'ס נאָמען,
קעש סעקיוריטי פון 200 דאללאר (דיעזע סעקיוריטי קען
פון פעראיין פון צייט צו צייט פערגרעסערט ווערען);

ער מוז אנוועזענד זיין ביי יעדער מיטינג; ער דארף איבערנעמען אלע געלדער פון פינאנס סעקרעטער און איהם א רעסיט דאפיר געבען; ער זאל פיהרען א קאסא־בוך איבער זיינע איינגאהמען און אויסגאבען; ער זאל אויסצאהלען אלע אנווייזונגען וועלכע זיינען בעשלאססען פון פעראיין און אונטערשריעבען פון פרעזידענט און סעקרעטער; ער מוז אין דיא ביינק דעפאנירען אויף דעם נאמען פון פעראיין, דיא סומע וועלכע איבער־טרעפט 200 דאללאר (דער פעראיין קען אויך דעפאנירען געלד אין א באנק אויף א טשעק אקאונט, אין דיעזען פאל אבער מוזען דיא טשעקס אונטערשריבען זיין פון פרעזידענט און טרעזשורער); ער זאל צייגען אלע זיינע אויסגעצאהלטע אנווייזונגען צו דער פינאנס קאמיטעע, ווען זיי פערלאנגען עס פון איהם; פאר זיין ארבייט קריגט ער בעצאהלט מיט א דאללאר פיר א יאהר צייט, אויך ווערט איהם אויסגעצאהלט דיא 6 פראצענט אינ־טערעס וואס זיין סעקיוריטי טראגט איין.

§ 6. דיא טראסטיעס דארפען אכטונג געבען אז דאס אייגענטהום פון פעראיין זאל אין בעסטען צו־שטאנד זיין, דיא איבריגע געלדער פון דער טרעזשורי, צוזאמען מיט דעם טרעזשורער, אין דיא ביינק צו דע־פאנירען; דיא ביינק ביכער דארפען איבערגעגעבען ווע־רען צום ערשטען טראסטיע און ער איז פערפפליכטעט צו יעדען מיטינג דיזעלבע מיטצובריינגען, און ביים

פערלאנג פון פרעזידענט זאָל ער זיי אימער צייגען; אין אבוועזענהייט פון וויס־פרעזידענט זאָל ער זיין שטע־לע פערטרעטען, און ביים אויסטריט פון זיין אמט זאָל ער אלעם צו זיין נאָכפאָלגער איבערגעבען.

§ 7. דיא אינערע וואכע האָט צו בעוואכען דיא טיהר פון דעם מיטינג לאָקאל ביי דיא מיטינגען, פון יעדען הערייננקומענדען מיטגליעד דאָס פאסיר וואָרט אבנעהמען, און קיינעם ניט אריינלאָזען וועהרענד דער פראָטאקאָל ווערט געלעזען; פיר זיין ארבייט איז ער בעפרייט פון צו צאָהלען זיינע דיוס און טעקסעס, ענ־דאוומענט מוז ער צאהלען באגלייך מיט אלע מיטגליעדער.

§ 8. דיא אדוויזאָרי באָארד האָט דאָס רעכט צו ענטשיידען אלע דיספיוטס און ארגומענטס וועלכע דאָס פעראיין קען ביי דיא רעגעלע מיטינגען ניט סעט־לען, אויס מאנגעל אין צייט אָדער וויכטיגערע אנגע־לעגענהייטען; דיא אדוויזאָרי באָארד זאָל ערוועהלען צווישען זיך א טשערמאן און א סעקרעטער, און זאָלען מיטען איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין מאָנאט, אָדער ווען זיי געפינען פיר נעטהיג; אלע זייערע פערהאנד־לונגען מוזען זיי שריפטליך בעריכטען, צו דיא מיטינגען פון פעראיין; אין אלגעמיין זאָלען זיי זוכען וועגען און מיטלען פיר דאָס וואָהל און בעסטען פון פעראיין.

§ 9. דער איינפיהרער איז פערפפליכטעט אנ־וועזענד צו זיין ביי יעדער מיטינג; ער דארף אכטונג

געבען אז דער באלאט באקס, האמערס און פעראיין'ס בעדזשעס זאָלען זיך שטענדיג געפינען אויפ'ן פּלאטץ צו דער בעשטימטער מיטינגס שטונדע; ער דארף אויך דעם באלאט פאַרבערייטען און געבען דעם וויס־פּרעזי־דענט און פּרעזידענט צו קאָנטראָלירען.

§ 10. דער דאָקטאָר וועלכער ווערט בעאויפטראגט פון פעראיין א קאנדידאט צו עקזאמינירען מוז אונ־טערזוכען דעם מאן און זיין פרוי, אויב זיי לײדען ניט פון זאָלכע קראנקהייטען וועלכע זיינען אונקורירבאר וויא, קראָנישע רהומאטיזם, אנשטעקענדיגע קראנקהייטען, שווינדזוכט, עטצ.; ווען ער געפינט אויס אז דיא פרוי פון דעם קאנדידאט איז שוואנגער, זאָל ער ניט אויס־פאלגען דעם געהעריגען אטעסט ביז 30 טעג נאָך דעם ענטבינדען; ער מוז אויך זעהן אז דער קאנדידאט זאָל זעלבסט דעם אטעסט אונטערשרייבען.

## ארטיקעל 10.

## פינאנס קאמיטעען.

§ 1. ביי יעדען קווארטאל מיטינג זאָל א פינאנס קאמיטעע ערנאנט ווערען וועלכע זאָלען קאָנטראָלירען דיא ביכער און רעכנונגען פון פעראיין, און בעריכטען דאריבער ביים נעכסטען מיטינג.

§ 2. דיא פינאנס קאמיטעע זאָל בעשטעהן ווע־ניגסטענס פון דריי מיטגליעדער. דער טרעזשורער, ביי־

דע סעקרעטערע און ערשטער טראַסטיע מוזען ביי יע־
דער מיטינג פון דער פינאנס קאמיטעע אנוועזענד זיין.

## ארטיקעל 11.

## ש ט ר א פ ע ן .

§ 1. ווען א בעאמטער ערשיינט ניט צו דריי מי־
טינגען נאָך אנאנד, און האָט קיין אורזאכע אָנגעצייגט,
זאָל ער פון זיין אמט ענטלאסען ווערען און דער פרע־
זידענט זאָל איין אנדערן אויף זיין פלאטץ ערנענען,
ווען דער פרעזידענט ווערט פון זיין אמט ענטלאסען זאָל
זיין שטעלע פערנומען ווערען פון וויים־פרעזידענט, און
דער ערשטער טראַסטיע פערטרעט דיא שטעלע פון וויים־
פרעזידענט.

§ 2. מיטגליעדער וועלכע ווערען ערנאנט אין פער־
שיעדענע קאמיטעען און אטענדען ניט זייער פפליכט,
אהנע אָנצוגעבען א געזעטצליכע אורזאכע, זאָלען מיט
50 סענט בעשטראפט ווערען.

§ 3. ווען א מיטגליעד ערשיינט ניט צו דער לויה
פון א פערשטאָרבענעם מיטגליעד אָדער זיין פרוי, צו
דער בעשטימטער צייט, אָהנע געזעטצליכע אורזאכען,
זאָל ער מיט איין דאלאר בעשטראפט ווערען.

§ 4. געזעטצליכע אורזאכען צום ענטשולדיגען זיי־
נען נור אייגענע אָדער פאמיליען קראנקהייט, אָדער אב־
וועזענהייט פון דער שטאדט.

§ 5. ווען 7 אָדער מעהרערע גוטשטעהענדע מיט־גליעדער פערלאנגען פון פּרעזידענט, דורך שריפטליכע גרינדע, דאָס ער זאָל א ספּעציאל פערזאמלונג איינרופען און זיי אליין ערשיינען ניט צו דיעזער מיטינג זאָלען זיי מיט צו איין דאלאר יעדערער בעשטראפט ווערען.

ארטיקעל 12.

## א ר י ע ר ס.

§ 1. מיטגליעדער וועלכע בעצאָהלען ניט זייערע בייטרעגע אין פול ביז צו דעם קוואַרטאל מיטינג בלייבען אין דער ריער. אין דיעזען פאל זאָל דער סעקרעטער אזא מיטגליעד שיקען א רעדזשיסטרירטען בריעף און בעקאנט מאכען איהם אז ער איז אין דער ריער און אז אויב ער וועט ניט נאָכקומען זיינע פערפּפליכטונגען ביז צום נעכסטען מיטינג וועט ער דאן פון פעראיין סוס־פּענדירט ווערען. אין דער צייט פון דער ריער איז דער מיטגליעד בערעכטיגט בלויז צו קרקע און ענדאָוו־מענט.

§ 2. ווען דיעזער מיטגליעד בעצאָהלט זיינע בייט־רעגע ביי דעם נעכסטען מיטינג, מוז ער אויך דיא קאָס־טען פון דעם רעדזשיסטרירטען בריעף בעצאָהלען.

§ 3. דיא בייטרעגע זאָלען נור בעצאָהלט ווערען ביי דיא מיטינגען פון פעראיין, זאָנסט קען קיין מיט־גליעד ניט אנערקענט ווערען אלס גוטשטעהענד.

§ 4. שטראפען, טעקסעס וויא אויך ענדאָוומענט ווען עס ענדיגט זיך דער טערמין פון 90 טעג, מוזען אויך ביז דעם קוואַרטאל מיטינג בעצאָהלט ווערען, זאָנסט בלייבט דער מיטגליעד אין דער אריער.

§ 5. יעדער סוספענדירטער מיטגליעד פון פעראיין קען ווידער אמאָל איינגעפיהרט ווערען אלס מיטגליעד, אָהנע באלאט, ביים נעכסטען מיטינג, ווען ער בעצאָהלט אללע זיינע שולדען.

§ 6. ווינשט איינער וועלכער איז איבער שולדען סוספענדירט געוואָרען, צוריק צום פעראיין בעלאנגען, זאָ מוז ער ביז 6 מאָנאט — גערעכענט פון דעם טאָג ווען ער איז סוספענדירט געוואָרען — אלע זיינע שול־דען בעצאָהלען און נור דורך א באלאט און א דאָקטאָר אטעסט איינגעפיהרט ווערען. זיינען אָבער פאראיבער 6 מאָנאט דאן מוז ער אלס נייער קאנדידאט אויפגע־נומען ווערען.

§ 7. ווען א מיטגליעד וועלכער האָט בעלאנגט צו דיעזען פעראיין 5 יאָהר צייט ווערט סוספענדירט און ווינשט נאכהער צוריק־אויפגענומען צו ווערען, קען ער עס טוהן זאָגאר ווען ער איז עלטער פון 40 יאָהר. ער האָט אָבער בלויז א רעכט אריינצוקומען ביז דער צייט פו צוויי יאָהר און מוז נאָכקומען דיא פאראגראפען 5 און 6 פון דיעזען ארטיקעל.

## ארטיקעל 13

# קלאַגעס און פערהערע

§ 1. יעדע סלאגע וועלכע קומט אריין אין פעראיין פון איין מיטגליעד געגען דעם צווייטען, אדער געגען א בעאמטען פון פעראיין, מוז אַנגענומען ווערען. אזא קלאגע מוז געמאכט ווערען שריפטליך, מוז אנגעבען גע־נויע גרינדע און מוז זיין אונטערשריעבען פון דעם בע־לײדיגטען ברודער זעלבסט. קיין קלאגע קען ניט פאַר־גענומען ווערען ווען זיא איז ניט פערבונדען מיט דיא פעראיינס אינטערעסען. אויך מוז אזא קלאגע זיין גע־שריעבען נור מיט טינט.

§ 2. דער פרעזידענט דארף זעהן מאכען שלום צווישען דיא בעטרעפענדע מיטגליעדער און ווען זיין פערלאנג ווערט ניט אַנגענומען זאָל ער דיא קלאגע אי־בערשיקען צו דער אדווייזאָרי באָארד, דיא אדווייזאָרי באָארד דארף דיא קלאגע אונטערזוכען, איינלאדען דעם קלעגער מיט דעם פערקלאָגטען וויא אויך זייערע עדות צו זייער מיטינג, און זייער ענטשיידונג בעריכטען צום פעראיין ניט שפעטער וויא ביז דעם נעכסטען מיטינג.

§ 3. ווען דער פערקלאָגטער מיטגליעד אָדער דיא עדות קומען ניט צו דער אדווייזאָרי באָארד, אָהנע גע־ניגענדע אורזאכען, זאָל דיא אונטערזוכונג פאָרגעזעצט ווערען און דיא ענטשיידונג קען ארויסגעגעבען ווערען;

ווען אָבער דער קלעגער אליין קומט ניט, אָהנע גענוי־
גענדע אורזאכען, דאן זאָל דיא קלאגע אין גאנצען צוריק־
געוויזען ווערען און דיא אדווייזאָרי באָארד האָט אויך
א רעכט איהם צו בעשטראפען פאר זיין ניט ערשיינען.
עדות וועלכע ערשיינען ניט צו אזא קלאגע זאָלען געזעצ־
ליך בעשטראפט ווערען.

§ 4. דער טשערמאן פון דער אדווייזאָרי באָארד
זאָל דיא שריפטליכע קלאגע לאָזען פאָרלעזען, וויא אויך
זאָל ער מיטטהיילען דיא אלע פאקטען וואָס ער האָט
געזאמעלט. א פאָרשלאג זאָל דאן געמאכט ווערען פון
א מיטגליעד פון דער אדווייזאָרי באָארד, און דיא אנ־
וועזענדע מיטגליעדער זאָלען שטימען אויב דער פער־
קלאָגטער איז שולדיג אָדער ניט.

§ 5. איידער דער פריהער דערמאָנטער פאָרשלאג
ווערט געמאכט זאָל קודם דער קלעגער מינדליך ערקלע־
רען זיין קלאגע און נאָך איהם זאָל דער פערקלאָגטער
זיך פערטהיידיגען געגען דער קלאגע. פיהלט ער זיך
ניט געגוג פעהיג זיך צו פערטהיידיגען איז איהם ער־
לויבט אז ער זאָל שטעלען א מיטגליעד פון פעראיין
אָדער פון דער אהווייזאָרי באָארד וועלכער זאָל איהם
פערטהיידיגען.

§ 6. דער טשערמאן זאָל דאן נעמען דעם פאָרשלאג
צום אָבשטימען. דיא מאיאָריטעט פון דיא אנוועזענדע
ענטשיידעט. וועהרענד דיעזער אבשטימונג מוזען דער

קלענער און פערקלאָגטער פערלאָזען דאָס לאָקאל.

§ 7. שטראפען פיר קלאגעס קענען זיין: שטראפי־רען מיט געלד; אוועקנעהמען מעמבער רעכטע אויף א געוויסער צייט; סוספענדירען און עקספעלען. אין לעצ־טען פאל קען דער פעראורטהיילטער ניט מעהר ווידער־אויפגענומען ווערען אין דיזען פעראיין.

§ 8. דער פרעזידענט לאָזט פאָרלעזען דיא ענט־שיידונג פון דער אדוויזאָרי באָארד און איב דער פער־קלאָגטער איז פעראורטהיילט, ערקלעהרט ער דיזען אור־טהייל אלס געזעטצליך. דער פעראורטהיילטער האָט דאס רעכט צו אפעלירען, ער מוז אָבער גלייך נאָך דעם אורטהייל זיין פערלאנג אויסשפרעכען און ניט שפעטער וויא ביז צום נעכסטען מיטינג זיין אפעלאציאָן שריפטליך אריינבריינגען.

§ 9. ווען עס קומט אריין דיא אפעלאציאָן זאָל דער פרעזידענט זיא לאָזען פאָרלעזען, און דורך א פאָרשלאג פון א מיטגליעד, אָהנע דעבאטען, צום אבשטימען נעה־מען. ווערט דיא אפעלאציאָן פון דיא מיטגליעדער אנ־גענומען זאָל דיזעלבע איבערגעשיקט ווערען צו דער אד־וויזאָרי באָארד פיר ווייטערע פערהאנדלונג.

§ 10. ביי איין אפעלאציאָן זאָלען ערנאנט ווערען 7 מיטגליעדער פון פעראיין, וועלכע זאָלען צוגעזעצט ווע־רען צו דער אדוויזאָרי באָארד, און דיא אפעלאציאָן קען דעבאטירט ווערען פון אללע אדוויזאָרי באָארד מעמ־

בערס, צוזאמען מיט דער 7נער קאמיטעע, און זייער ענטשיידונג זאָלען זיי בעריכטען צום פעראיין ניט שפּעטער וויא ביז דעם נעכסטען מיטינג.

§ 11. פון דער צייט וואָס א מיטגליעד איז פערורטהיילט ביז נאָך דער ענטשיידונג פון דער אפּעלאציאָן זאָל ער אלס פערורטהיילטער בעטראכט זיין.

§ 12. א פערקלאָגטער בעאמטער זאָל ניט שטעהן אין זיין אמט אין דער צייט ווען זיין קלאגע ווערט פערהאנדעלט, און ווען דיעזער בעאמטער ווערט מיט א שטראפע פעראורטהיילט, איז ער ביז אין דער ערפילונג פון זיין שטראפע פון זיין אמט סוספענדירט.

§ 13. ווען א מיטגליעד פון דיעזען פעראיין בעגעהט אירגענדוואו אן אונמאָראלישע טהאט אָדער א קרימינעלען פערברעכען, פאר וועלכען ער ווערט פון קאָרט ערקלעהרט אלס פערברעכער, זאָל ער פון דיעזען פעראיין עקספּעלט ווערען.

## ארטיקעל 14.

## איינטריטס-געלד, בייטרעגע און שטיטצע.

§ 1. דאס איינטריטסגעלד פון א קאנדידאט איז וויא פאָלגט: פון 18 ביז 30 יאָהר, 1 דאלאר; פון 30 ביז 35 יאָהר, 2 דאלאר; און פון 35 ביז 40 יאָהר 3 דאלאר דיא מיטגליעדער האָבען דאס רעכט ביי א גענעראל אָדער ספּעציאל מיטינג דאס איינטריטסגעלד צו העכערען

אָדער צו פערקלענערען, אויב זיי געפינען עס פאר נעט־היג צום וואָהל און בעסטען פון פעראיין.

§ 2. דיא יעהרליכע בייטרעגע פון דיעזען פעראיין זיינען 6 דאלאר, און דארפען בעצאָהלט ווערען ביז צו יעדען קווארטאל מיטינג, איין דאלאר און פופציג סענט ($1.50).

§ 3. א נייעם קאנדידאט ווערען זיינע בייטרעגע גערעכענט פון דעם טאָג ווען ער איז איינגעפיהרט געוואָרען, און ווען ער קומט ניט נאָך מיט דער איינצאָהלונג פאלט ער אונטער ארטיקעל 12, פאראגראף 1.

§ 4. אויב עס וועלען זיך געפינען נויטהליידענדע מיטגליעדער וועלכע וועלען אפעלירען צום פעראיין נאָך שטיטצע, זאָל דאָס פעראיין זיי שטיצען ביז אין דער סומע פון 15 דאללאר פער מיטגליעד, אין אלגעמיין אָבער זאָל דאָס פעראיין ניט אויסגעבען אויף אזא שטיצע מעהר פון 75 דאלאר דורך א קווארטאל. מיט געלדער פיר אזא שטיטצע זאָלען דיא מיטגליעדער בעלאסטעט ווערען פער אנאלאָגיע, אָבער דיעזע בעלאסטונג דארף ניט איבערטרעפען דיא סומע פון 15 סענט פער קווארטאל.

§ 5. יעדער נויטהליידענדער מיטגליעד איז בערעכטיגט צו דיעזער שטיטצע נאָר איין מאָהל אין יאָהר. האָט ער אָבער דאָס געלד צוריק אין פעראיין בעצאָהלט,

דאן איז ער בּערעכטיגט צו א צווייטע שטיטצע אין דעם זעלבּען יאָהר.

§ 6. ווען א מיטגליעד איז פערונגליקט דורך אן אויסערגעוועהנליכען צופאל וויא פון א פייער, עקסידענט, פערלענגערטע קראנקהייט אין זיין פאמיליע און פון נאָך אנדערע אזעלכע עהנליכע פעלע וועלכע האָבּען איהם זיין לאגע רואינירט און ער בּענעטהיגט זיך אום הילפע, זאָל דיעזער מיטגליעד ערקלעהרען זיין וואונש פאר דער אדווייזאָרי בּאָארד, וועלכע זאָלען דיא אנגעלעגענהייט גענוי און ערנסט אונטערזוכען און זאָלען דאן בּעריכטען צום פעראיין דיא סומע וועלכע זיי האָבּען בּעשלאָסען פאר'ן מיטגליעד אונטערשטיצט צו ווערען. דאָס פעראיין האָט דאן צו פערהאנדלען און בּעשטימען א סומע געלד, אָבּער ניט העכער פון דער סומע וועלכע דיא אדווייזאָרי בּאָארד האָט בּעשטימט. דער פּרעזידענט מיט דעם סעקרעטער האָבּען אויך דאס רעכט אין אזא פאל צו שטיטצען בּיז אין דער סומע פון 15 דאלאר.

## ארטיקעל 15.

## בּענעפיטען און וואָהלטהאט.

§ 1. ווען דאס פערמעגען פון פעראיין דערגרייכט דיא סומע פון 500 דאלאר זאָל דער קראנקען בּענעפיט ערעפענט ווערען; זינקט אָבּער דיא קאסא צו וועניגער

פון 400 דאלאר, דאן זאָל דער קראנקען בענעפיט גע־
שלאָסען ווערען.

§ 2. דיא געלדער פון פעראיין זאָלען געהאלטען
ווערען אין אזעלכע בייננק, וועלכע דאָס פעראיין וועט
פון צייט צו צייט בעשטימען.

### ארטיקעל 16.

### פפליכטען פון קאמיטעען מיט פול־פאוער.

§ 1. ביי יעדער קאמיטעע וועלכע דאָס פעראיין
ערנענט פיר פערשיעדענע בענעפיטען דעם פעראיינעס,
מוז דער טרעזשורער פון דער קאמיטעע ביילעגען א גע־
וויסע גאראנטי, לויט דער אָבשטימונג פון דער קאמיטעע.

§ 2. אָפיסערס פון א קאמיטעע קענען ניט ענטלא־
סען ווערען איידער א פינאנס קאמיטעע זעהט דורך
זייערע רעכנונגען און גיט אָב א גינסטיגען בעריכט
דעריבער צום פעראיין.

### ארטיקעל 17.

### דאָניישאָנס פון פעראיין.

§ 1. דאָס פעראיין האָט דאס רעכט צו שטיצען
יעדער וואָהלטהעטיגע אנשטאלט וועלכע דיא מיטגליעדער
געפינען פיר נויטהיג, אָבער קיינע פון דיעזע דאָניישאָנס
זאָל ניט איבערשטייגען דיא סומע פון 25 דאלאר
א יאָהר. וועלען אָבער דיא מיטגליעדער אנזעהן אז פאר

איין אויסערגעוועהנליכען פאל מוזען זיי געבען א גרע־סערע שטיטצע, דאן זאָל א ספעציאל מיטינג פאר דיזען צוועק פערופען ווערען.

### ארטיקעל 18.

## אָרדנונגס רעגעלן.

§ 1. יעדער מיטגליעד וועלכער ווינשט צו רעדען צום וואָהל און בעסטען פון פעראיין, זאָל אויפשטעהענד זיך ווענדען צום פרעזידענט און פון איהם פערלאַנגען דאס וואָרט. ער זאָל אלע פערזענליכקייטען אויסמיידען און זאָל נאָר רעדען איבער דער אנגעלעגענהייט וועגען וועלכע ער האט פערלאַנגט דאס וואָרט. פערלאַנגען מעהרערע מיט־גליעדער מיט איין מאָהל דאָס וואָרט, זאָל דער פרעזי־דענט ענטשיידען ווער עס זאָל רעדען צום ערשטען.

§ 2. קיין פאָרשלאַג קען ניט פאָרגענומען ווערען ווען דערזעלבער איז ניט אונטערשטיצט.

§ 3. ליגט א פאָרשלאַג פאר דער מיטינג זאָל קיין אנדערער פאָרגעבראכט ווערען אויסער איין אמענדמענט צום פאָרשלאַג קען געמאכט ווערען, אָדער א סאָבסטיטוט צום אמענדמענט, אָדער א פאָרשלאַג דיא דעבאטע צו שליסען. דער לעצטער זאָל אָהנע דעבאטען צום אבשטי־מען געבראכט ווערען.

§ 4. ווערט א מיטגליעד גערופען צו אָרדער אין דער צייט וואָס ער רעדט, זאָל ער שטיל בלייבען ביז

דער אָרדנונגס רופער שפּרעכט זיך אויס און דער פּרע־זידענט האָט דאן צו ענטשיידען.

§ 5. קיין פאָרשלאג קען ניט פאָרגענומען ווערען ווען ער איז געגען דיעזע געזעטצע און קיין געזעטץ פון דיעזען פעראיין זאָל זאָגאר אויף איין מאָמענט ניט פערשיעבען ווערען.

§ 6. אללע פראגען וועלכע קומען פאָר און וועלכע זיינען ניט פאראנגען אין דיעזע געזעצע קענען פון פעראיין דורך דער מאיאָריטעט פון דיא אנוועזענדע מיטגליעדער ענטשיעדען ווערען.

§ 7. ווען א פאָרשלאג איז שוין אבגעשטימט גע־וואָרען, און מאנכע פון דיא מיטגליעדער פערלאנגען איהם צוריק צו ציהען, זאָ זאָל א צושריפט פון 5 גוטשטעהענדע מיטגליעדער פון דער מאיאָריטעט צום פעראיין איבער־געגעבען ווערען, און ביי דער נעכסטער מיטינג זאָל דער סעקרעטער דיעזע צושריפט פאָרלעזען, אום דריבער צו פערהאנדלען. צוויי־דריטעל שטיממען פון דיא אנוועזענ־דע מיטגליעדער קענען דיעזען פאָרשלאג צוריק ציהען.

§ 8. דער פּרעזידענט האָט דאָס רעכט צו בעשטרא־פען א מיטגליעד וועלכער וויל זיין אָרדנונגס רוף ניט בעפאָלגען, פון 25 סענט ביז 5 דאלאר, און ווען דער מיטגליעד בלייבט ניט רוהיג נאָך דיעזער בעשטראפונג, זאָל דער פּרעזידענט פון איהם אויעקנעהמען דאס רעכט צו רעדען אויף 3 מאָנאט צייט.

§ 9. מיטגליעדער וועלכע ווילען אריינשיקען איר־גענד א צושריפט אין פעראיין, מוזען דיא זעלבע שיקען צום סעקרעטער אם וועניגסטענס 2 טעג בעפאָר יעדען מיטינג. קיין צושריפט וועט ביי א מיטינג ניט אָנגענומען ווערען.

§ 10. ווען דער פרעזידענט וויל ניט געבען דאָס וואָרט צו א מיטגליעד, אָדער ער ענטשיידעט א פאָינט אָף אָרדער געגען איהם, האָט דאָס מיטגליעד דאָס רעכט צו אפעלירען צום וויים פרעזידענט אָדער צום מי־טינג, דאָס הייסט, ער זאָל פערלאַנגען אַן אָבשטימונג אויב דער פרעזידענט האָט רעכט אָדער ניט. אין אזא פאל מוז דער מיטגליעד ערקלערען פאר וואס ער דענקט דאס דער פרעזידענט האנדעלט ניט ריכטיג. דער פרעזי־דענט זאָל דאן בעקומען דאס וואָרט און ערקלעהרען פאר וואָס ער האנדעלט אזוי געגען דיעזען מיטגליעד. דיא מיטינג זאָל דאן אָבשטימען אויב זיא אונטערשטיצט דעם טשער אין דיעזער אנגעלעגענהייט אָדער ניט.

ארטיקעל 19.

פערענדערונג פון דיעזע געזעטצע.

§ 1. א פאָרשלאג צו ענדערן דיעזע געזעטצע קען געמאכט ווערען פון יעדען גוטשטעהענדען מיטגליעד, ער מוז אָבער געמאכט ווערען שריפטליך און מוז זיין אונ־טערשריעבען פון 10 גוטשטעהענדע מיטגליעדער. דיעזער

פאַרשלאג ווערט פאַרגעלעזען פאר דיא מיטגליעדער אין 2 פאָלגענדע מיטינגען און נאכהער ווערט געדרופען א ספעציאל מיטינג, און ווען דיעזער פאַרשלאג ווערט אָנגענומען ביי צוויי־דריטעל מאיאָריטעט פון דיא אנוועזענדע מיטגליעדער, דאן טרעט דאס געזעטץ אין קראפט.

## ארטיקעל 20.

## איינפיהרונג.

§ 1. ביים איינפיהרען פון קאנדידאטען, דארף דער פרעזידענט פערלאנגען פון זיי אָבצוגעבען פאָלגענדעם פערשפרעכען:

„איך.......... (נאמען)..........פערפפליכטע מיך נאָכצוקומען דיא קאנסטיטוציאָן, פעראָרדנונגען און בעשליסע פון דיא „רומעניען וואָרקינגמענס בענעפישיאל אססאָסיאיישאָן“ אין וועלכער איך ווער היינט א מיטגליעד; טריי צו ערפילען אלע פפליכטען וועלכע וועלען אויף מיר פון פעראיין ארויפגעלעגט ווערען; שטענדיג צו שטעהען צו הילפע מיינע מיטבריעדער פון דיעזען פעראיין; קיין מאָל ניט ארויסצוגעבען דיא געהיימניסע ביכער אָדער דאקומענטען פון דיעזען פעראיין, דארויף גיב איך מיין עהרען וואָרט.“



# קאָמיטעע

צו אַמענדירען און אויסצובעסערען דיעזע קאָנסטיטוציאָן
וועלכע איז אבגעשטימט געוואָרען ביי דער מיטינג פון
זאנטאג, דען 13טען פעברואר, 1910
און טרעט אין קראַפט דען 1טען יוני, 1910

---

מאקס סאָלאָמאָנס, טשערמאן

| | |
|---|---|
| יהודא ליב גרינבערג | וויקטאָר שוואַרטץ |
| דזשייקאָב גאָלדבערג, I | דזשאָזעף ראָטהמאָן |
| זיגמונד גרינבערג | מאָררים רודיך |
| אברהם שנייער | דייוויד בלום |
| דזשאָשוא לאַנדאו | ה. ד. גרינבערג |

סאָל. ב. פאָרשטיין, סעקרעטער

---

# בעאַמטע פון דיעזען פעראיין

## עקס-פרעזידענטען

יהודא ליב גרינבערג — אַזיאַס לעיבאָוויטץ
מאקס סאָלאָמאָנס — איזאַק ריטש
אברהם וואָלף — סעמועל מארקו
אברהם הירש

| | |
|---|---|
| הערר׳ גאָלדענבערג | פרעזידענט |
| הערר׳ לייבאָוויטץ | וויס פרעזידענט |
| זיגמונד גרינבערג | סעקרעטער |
| עמאנועל גאָלדענבערג, | פינאַנס סעקרעטער |
| סעמועל שאָיער | טרעזשורער |
| דייוויד בלום | 1טער טראָסטי |
| מאָררים דייווים | 2טער טראָסטי |
| אייק קאָהן | 3טער טראָסטי |
| בעני קויפמאן | קאָנדוקטאָר |
| מלך ברוינשטיין | אינערע וואַכע |

Treiman G. A. Dr.
Turer Charles
Tumin Boni O. Dr .

Ungar Julius
Uram Samuel
Udowitz Jake

Wolf Abraham
Wolf Osias
Weinfeld Marcus
Weinfeld Adolph
Weintraub Leo. I.
Weinberg Herman R.
Weinberg Jacob
Weinberg Harry
Weisfeld Julius
Weisman Isidor

Weinman David
Weinman Morris
Weinstein Louis
Weiss Solomon
Weiss Calman
Weiss Isaac
Weiss David
Weiss Abraham
Weiss Isidor
Weiner Harry
Weiner Sam
Weiner Isaac
Weickman Daniel
Waggenfeld Harry

Zurry Harry
Zusser Nathan
Zaitman Max



Stahl Enich
Schwartz Albert
Schwartz Max
Schwartz Isidor
Schwartz Harry No. 1.
Schwartz Harry No. 2.
Schwartz Harry No. 3...
Schwartz Victor
Schwartz Philip
Schwartz Sigmund
Schwartz Bernard 1.
Schwartz Bernard 2
Schwartz Daniel
Schwartz Abram 2.
Schwartz Abram 3.
Schwartz Abe
Schwartz Benjamin
Schwartz Usher Eli
Schwartz Sam
Schwartz Morris 1
Schwartz Morris 2
Schwartz Morris 3.
Schwartz Joe
Schwartz William
Schwartz David 1.
Schwartz David 2.
Schwartz Leon 1.
Shatzberg Abram
Shneyer Abraham
Spicolitzer Alter
Soss Hyman
Soss Henry
Sternberg Ike
Sternberg Hyman
Silberstein Sam
Silberstein Morris
Shmilovitz Mendel
Shmilovitz Max 1
Shmilovitz Max 2.
Shmilovitz Harry
Shoyer Samuel
Saul Morris
Shaechter Morris
Shaechter Joe
Stecker A. Melich
Silverman Bernard
Silverman Sam
Silverman Morris
Silverman Harry 1
Silverman Harry 2
Silverman Abe
Siegel Leon
Siegel Max
Siegel David 1.
Siegel David 2.
Siegel Joe
Siegel Morris
Siegel Harry
Steiner Jacob
Shlezinger Abraham
Shmidt Hyman
Shmidt Louis
Snyderman Morris
Sacks Joe
Stern Michel
Schwartzman Sam'l Dr.
Shoenberg Bernard
Shoenberg Max
Shoenberg Nathan
Simonson Benjamin
Slatka Morris
Shein Harry
Socket Benjamin
Shoerer Adolph
Shanker Joseph
Slutzky Abe

Nathanson David
Nathanson Daniel
Nathanson Morris
Nathanson Sam
Nadler Sam
Nadler Burach
Nussbaum David, Dr.

Ornstein Max
Oscar Aaron
Oiinger Adolph

Pincovitz Jacob
Pascall Isaac
Pomenland Alex.
Panish Joseph
Perlman William
Pollack Benny

Rothman Joseph
Rothman Kopel
Rothman A. H.
Rothman Haim
Rothman Conrad
Rothman Oscar
Rothman Morris
Rosenzweig Bernard
Rosenzweig Harry
Rich Isaac
Reichler Louis
Rosenblatt Joseph
Rossman Joseph
Raner William
Raner Harry
Rappoport Joseph
Rappoport Nathan
Rappoport Abe
Rovno Philip, Dr.

Rabinovitz Joseph
Reiss A. Dr.
Reiss Michael
Rice Jacob
Rosenthal Harry
Rosenthal Joseph
Rosenthal Jake
Rosenberg Sam
Reiver Hyman
Rubinstein Harry
Rubinstein Max
Rotner Harry
Rosenfeld James
Rudich Morris
Rosen Morris No. 1.
Rosen Morris No. 2.
Rosen Louis
Rosner Isaac
Rosen Abraham
Radofsky Louis
Rosenhak Ike
Rafailovitz Abraham
Robinson Calman
Reitzes Morris

Solomon Max
Solomon Jacob
Solomon Jaseph
Solomon Morris
Stein Adolph
Simon Leon
Simon Jacob
Siminovitz Sam
Siminovitz Bernard
Siminovitz Simon
Shertzer Joseph
Streitfeld Elias
Stahl Isaac

Kolmer Morris
Kraemer Israel
Koval Mike
Karp John
Kahn Bernard L. Dr.

Leibovitz Haim Leib (Vapor)
Leibovitz Osias
Leibovitz Harry
Leibovitz John
Leibovitz Kalman D.
Leibovitz Hyman
Leibovitz David
Leibovitz Nathan
Leibovitz Sam No. 1.
Leibovitz Sam No. 2.
Leibovitz Isidor
Leibovitz Morris
Leibovitz Raphael
Leibovitz Joseph
Landesberg Isaac
Landesberg Jacob
Landberg Sam
Laver Henry
Lustman Louis
Libross Julius
Libross Simon
Libross Emanuel
Libross Oscar
Laub Alexander
Lieber Bernard
Levy Isaac
Levy Jacob
Levy Louis
Littman Myer
Liepovitz Sam
Landow Joshua
Lemish Louis
Lubin Jacob
Landes Isaac
Levan Maur
Liebster Michael
Levine Joseph
Levin Sam
Lipshutz William
Levit Jacob

Marku Sam
Makus Isaac
Marcus Max
Moscovitz David
Moscovitz I Samuel
Moscovitz Ike
Moscovitz Shicu
Moscovitz Julius
Marcuson Abraham
Myers Charles
Myer Joe
Mayer Morris
Moses Loeb
Mayerovitz Benjamin
Michael Lupu
Mitchel William
Miller Morris
Miller Joseph
Miller Joe
Morgenstern Morris
Moldower Charles
Marks Abe

Newman Marcus
Newman Lewis
Newman Charles

Goldberg Sam
Goldenberg Harry
Goldenberg Emanuel
Goldenberg A. B.
Goldenberg Louis
Goldenberg Nachman
Goldenberg Joseph
Giltman Marcus
Goldfra cht Louis
Gruber Morris
Gold Morris
Gold Harry
Gold Isidor
Gold Abram
Gold Benny
Gikosky Joe
Glickman Joe
Gitnig Louis
Goldfiner Samuel
Goldblatt Nathan
Glasser Harry
Goldblum Harry
Gottesfeld Isidor
Gross Joseph Esq.
Goldring Emil Dr.
Golden Harry Dr.
Grosswald Davis

Hershcovitz Solomon
Hershcovitz Morris 1.
Hershcovitz Morris 2.
Hershcovitz Joseph
Hershcovitz Abram
Heimovitz Philip
Heimovitz Abe
Heimovitz Leon
Heimovitz Max No. 1
Heimovitz Max No. 2
Heimovitz Isidor
Haninovitz Sammy
Hirsh Abraham
Hirsh Henry
Hirsh Louis
Hirsh Frank
Haber Simon
Hoffman Jacob

Idels Louis
Idels Harry
Ianovitz Bernard

Joseph Simon
Joresco Julius
Jacob Moses, Dr.
Jacobson Jacob

Koffler Isaac
Kimmelman Bern'd
Kimmelman Simon Dr.
Koopperman Bernard
Koopperman Morris
Kalman David
Kovler Newman
Koppelovitz Charles
Koppelovitz Louis
Koppelovitz Jake
Katz Isaac, No. 2
Katz Harry
Katz Sam
Kanner Morris
Koopersmith Hyman
Kelman Henry, Dr.
Kean Fred
Kaufman Benny

Cohen M. Samuel
Cohen R. David
Cohen H. David
Cohen Joseph
Caplan Sam
Caplan Harry
Corman Max

Druckman Isaac
Druckman Abe
Davidson Manes
Davidson Louis
David Myer
Dressner Osias
David Morris
Davis Morris
Davis Joseph
Davis Sam

Ellman Isaac
Eisenberg Rubin
Edelsman Philip
Ehrlich Abraham

Filderman Adolph
Filderman Jacob
Freedman Isaac
Freedman Jacob
Feldman Benjamin
Feldman Jacob
Feldman Abraham
Finkelstein Isaac
Finkelstein M. L.
Finkelstein Jacob
Feller Haim
Falik Joseph
Forstein Sol. B.
Feldstein Herman
Frankel Louis
Frankel Abe
Fink Joe
Fow Nathan
Feingold Charles
Fisher David

Greenberg Sigmund
Greenberg I. L.
Greenberg Rudolph
Greenberg Harry No. 1
Greenberg, H. D.
Greenberg David
Greenberg Benny
Greenberg Joel
Greenberg Lazer
Greenberg Marcu
Greenberg Isaac No. 1
Greenberg Isaac No. 2
Greenberg Jacob
Greenberg Isidor
Greenberg Nathan
Greenberg Max
Greenberg Mayer No. 1
Greenberg Mayer No. 2
Greenberg Sam
Goldstein Sam
Goldstein Morris
Goldstein Jacob
Goldstein Harry
Goldberg Jacob No. 1
Goldberg Jacob No. 2
Goldberg Osias
Goldberg Philip
Goldberg Samuel No. 2

# MEMBERSHIP

Abramowitz Isaac
Abramovitz Louis
Abram Joseph
Abram Sam
Axler David
Axler Paul

Braunstein Melich
Braunstein Jacob
Braunstein Isidor
Braunstein Sam
Braunstein Ike
Barash Morris
Binder Nathan
Blum David
Blum Morris
Blitzstein Callman
Bercovitz Joseph
Bercovitz Harry
Bercovitz Enoch
Bercovitz Sam No. 1
Bercovitz Sam No. 2.
Bercovitz Favish
Bercovitz Louis
Bercovitz Kunae
Bowman Pincu
Berger Zamry
Bilker John
Bilker Marcus
Bilker Joseph
Blank Morris
Braufman Louis
Brown Albert
Benjamin Michael
Braverman Morris
Braverman Nathan
Brill Jacob
Benowitz Reuben
Bodjesky Reuben
Bernstein Jacob
Blumenfeld Louis
Blumenfeld Myer
Bard Israel
Blassberg Joseph
Bayer Sam
Brooks Isidor
Baruch Frank

Cohen Benny
Cohen Louis No. 1.
Cohen Louis No. 2
Cohen Louis No. 3.
Cohen Sam No. 1.
Cohen Sam No. 2.
Cohen Sam No. 3.
Cohen Calman
Cohen Isaac
Cohen Haim
Cohen David, Rev.
Cohen Abraham No. 1.
Cohen Abraham No. 2.
Cohen Charles
Cohen Max
Cohen Jacob No. 1.
Cohen Jacob No. 2.
Cohen Ike
Cohen Daniel
Cohen Wolff

# טאַגעס אָרדנונג :

1. פאָרלעזונג פון דער בעאַמטען-ליסטע.
2. פאָרלעזונג פון פּראָטאָקאָל פון לעצטער מיטינג.
3. בעריכט פון דער קראַנקען קאָמיטעע.
4. בעריכט איבער פאָרגעשלאגענע קאַנדידאטען.
5. פאָרלעזונג פון דאָקטאָר אַטעסטע.
6. באַלאָטירונג פון קאַנדידאטען,
7. איינפיהרונג פון קאַנדידאטען.
8. פאָרשלאג פון קאַנדידאטען.
9. וויים ווער פון א קראַנקען אדער נויטהליידענדען מיט-גליעד ?
10. צושריפטען.
11. פאָרלעזונג פון בילס.
12. אונערלעדיגטע געשעפטע.
13. בעריכט פון דער אדוויזאָרי באָארד.
14. בעריכטען פון קאָמיטעען.
15. בעריכט פון טראָסטיעס.
16. נייע געשעפטע.
17. צום וואָהל און בעסטען פון פעראיין.
18. איינגאהמען און אויסגאבען.
19. שלוס דער מיטינג.

# אינהאלט פערצייכניס.

ארטיקעל | פיידזש

